פרייז 20 גר. | DUS LICHT | ערשטער יאהרגאנג נר. 5.

להאיר להם את הדרך

# דאס ליכט

אשר ילכו בה

ערשיינט יעדען פרייטאג. | ארטאדאכסיש ארגאן פאר גאליציע. | ערשיינט יעדען פרייטאג.

ב"ה קראקא, פרייטאג משפטים כ"ו שבט תרצ"א. | ליכט צינדען 4·30· מ׳צש"ק 5·54. | Kraków, dn. 13 lutego 1931.

אדרעס פין רעד. און אדמ.: קראקא מייזעלסא 4. טעל. 120-96. — Adres Red. i Adm.: Kraków, Meiselsa 4. Tel 120-96.

## נייע און אלטע גזירות.

זעהר פיעל איז שוין גערעדט געווארען וועגען דער אומגערעכטיגקייט פון דעם צוואנג־זונטאג־רוה, ספעציעל וועגען דער עולה וואס ווערט דער מיט בעגאנגען לגבי דער יודישער בעפעלקערונג צווינגענדיג זי אין דער היינטיגער שווערער און ביטערער צייט צו רוהען צוויי טאג אין דער וואך.

דער לאנג דויערנדער קריזיס האלט אין איין פערשארפען זיך, די שטייערען ווערען נישט פערקלענערט נאר אדרבה זיי ווערען נאך גרעסער.

דער פינאנץ מיניסטער האט ערקלערט אז דער 10 פראצענטיגער צוגאב שטייער צו אלע שטייערען ווערט א שטאבילער א שטענדיגער. מילא, ווערט דאס אלעס פערענטפערט מיט דער מלוכה־נויטווענדיגקייט, די אויסגאבען פון דער רעגיערונג זענען גרויס און מ׳קען די שטייערען נישט פערקלענערען.

ס׳איז אפילו פארהאן אן עצה די שטייערן־לאסט פונ׳ם דערדרוקטען מסחר צו פערלייכטערען אין די רעגיערונג׳ס הכנסות זאלען בלייבען די זעלבע. דער אומזאץ שטייער וואס ווערט גענומען פון די סוחרים וואלט בעדארפט גענומען ווערען פון פאבריקאנט. דאס וואלט אויך געוועזען פיעל גערעכטער. דער פאבריקאנט וואלט דאס אריינגערעכענט אין דער פרייז־קאלקולאציע אין וואלט דער ביי קיין היזק נישט געליטען, דער סוחר דאגעגען איז זעהר אפט געצוואונגען צו פערקויפען מיט מינימאלסטע פערדיענסטען און קען בשום אופן נישט אלע מאל ארויף רעכנען אויף די פרייזען, דעם אומזאץ־שטייער.

איז טאקי נישט צו פערשטעהען וואס פאר א רעגיערונגס־נויטווענדיגקייט עס שטעקט דערין דעם שווערען לאסט פון אומזאץ שטייער ארויפצולייגען דוקא אויף די שווערע פלייצעס פונ׳ם מסחר.

איצט דראהט נאך א פרישע גזירה, די אקציע צו פערבילינגערען די פרייזען, אויך די דאזיגע אקציע וועט נישט נעפיהרט ווערען ביים פאבריקאנט, נייע דער פאבריקאנט וועט ווייטער קענען זעלבסטשטענדיג אהן יעדער קאנטראלע פעסטשטעלען די פרייזען פון זיין ערציינג, קאנטראלירט ווערען זאל נאר דער סוחר, דער פערמיטלער צווישען פראדוצענט און קאנסומענט.

האט דאך דער הויפט־סטאטיסטישער אמט פעסט גע־שטעלט אז די דעטאיליסטען פערדיענען ביז 200 (?) פיאצענט מילא די יודישע סוחרים חלומ׳ען אפילו נישט וועגען די העלפט פון אזעלכע פערדיענסטען וואלט אזא אקציע די יודישע סוחרים גאר נישט געקענט שאדען, ווארום אויב ס׳איז פארהאן סוחרים וואס פערדיענען א זעלכע לעגענדארע סומען — זענען עס זיכער נישט קיין יודישע סוחרים.

ווייסען מיר אבער פון דער אדמיניסטראטיווער פראקטיק אז אזא אקציע וועט נאר אויסגעהען צו די קעפ פון די יודישע סוחרים.

אויך וועט די אקציע צו פערבילינגען די פרייזען דיענען אלס תירוץ צו שאפען רעגיערונג׳ס פערקויף שטעלען וועלכע וועלען ווי געוועהנליך נישט פראספערירען און וועלען נעמען נישט קיין בילינגערע פרייזען ווי די יודישע סוחרים. מ׳וועט צו זיי צולעגען היבשע סומען דערווייל וועט אבער גע־שאפען ווערען פרישע קאנקורענטען מיט גרויסע קאפיטאלען געגען דעם קאפיטאל ארימען יודישען מסחר.

אונטער אזעלכע שווערע בעדינגונגען מ׳ז מען דאך כאטש געבען די מעגליכקייט צו ארבייטען און פערדיענען, נישט צו מוזען רוהען א דאפעלטען רוה טאג.

איז גוט וואס ענדליך ווייזען זיך האפנונגען דאך אמאל צו פערקלענערען כאטש די עולה פין זונטאג־רוה לגבי יודען.

דעפ. האלובקא פון ב. ב. האט די וואך פון דער סיים טריבונע עפענטליך מודה געוועזען אין דער עולה וואס שטעקט אינם זונטאג-רוה פאר יודען ער האט דערום ערקלערט אז דאס געזעץ וועגען צוואנג זונטאג־רוה מוז נאוועליזירט ווערען, דאך א מאל.

הלואי זאל מען טאקי אויך באלד איבער געהען פון ווערטער צו מעשים.

ש. פ.

ר. נחמני

# דער ווידער-קול פונ'ם רוף פון נביא.

**39 העברעאישע שריפטשטעלער אין א"י דערונטער אויך ביאליק די פראפ. יוסף קלויזנער, פרענקעל, עפשטיין, קליין זענען אין א שארפען כרוז ארויס געגען דעם חילול שבת פון די ספארט-פעריינען (פון די א"י צייטונגען)**

מיט צוויי טויזענד פינף הונדערט יאהר צוריק האט זיך דער נביא ירמי' געווענדעט צו די יודען מיט דעם וועק-רוף „שובו בנים שובבים" קעהרט אייך אים איהר פערבלאנזעטע זוהן.

און ארומגעבלאנקעט האט זיך דער רוף פון נביא אינ'ם חלל פון דער וועלט, געוועזען א קול קורא במדבר. פיעל, זעהר פיעל קינדער האט די מאמע, די כנסת ישראל געזעהען אוועק-געהען פון זיך, פיעל זעהר פיעל זענען אוועק, ווייט ווייט פון יודישען מקור חיים, אבגעריסענע אויף אייביג פונ'ם יודישען שטאם-בוים פונ'ם נצר מטעי.

* * *

אויך מיר, פונ'ם היינטיגען דור זענען עדות פון א גרויסען אבפאל-פראצעס, די תורה הקדושה פרעגט זיך: אהה! מה מצאו אבותיכם בי עול כי רחקו מעלי — אומזיסט, עס העלפט נישט. טויזענדער צעהנער טויזענדער יודישע קינדער זענען אוועק פון דער יודישער היים און דערווייטערען זיך וואס אמאהל פון איהר. זיי האבען געווענדעט דעם נאקען (פנו אלי עורף) צום יודישען היכל און ווילען זיך נישט מעהר אומקעהרען.

ביז, יא! ביז עס איז געשעהען א וואונדער און א ווידער-קול פונ'ם רוף פון נביא פון פאר דריטהאלבען טויזענד יאהר האט געפינען אן אבקלאנג אן עכא אין די הערצער פון די היינטיגע משכילישע פיהרער אינ'ם הייליגען לאנד.

לעזט און איבערצייגט אייך;

„מיט ציטערניש זעהען מיר די פרצה פון חילול שבת דורך די יודישע שפארט-פעראיינען, וועלכעס בעדייט א מרידה אין דער הייליגקייט פון שבת.

„קיין יודיש פאלק, קיין יודישע היים אהן דעם שבת", „דער אייביגער יוד איז געבינדען צו ג-ט מיט דעם צייכען פון שבת". „שבת איז נישט ווי די רוה-טעג פון אנדערע פעלקער, שבת קען נישט גענדערט ווערען אין אננעהמען אן אנדערע צורה".

מיט די דאזיגע און עהנליכע ווערטער ווענדען זיך — נישט רבנים — נור 39 העברעאישע שרייבער מיט ח. נ. ביאליק בראש צו די יודישע ספארט-חברות, אבצושטעלען דעם חילול שבת בפרהסיא אין הייליגען לאנד.

איז עס נישט א נייעס? האבען דאך די זעלבע משכילים-שרייבער ערשט מיט עטליכע יאהר צוריק געקעמפט געגען קדושת שבת. ווען יודען פראסטע יודען פון א גאנץ יאהר אהן חכמות און אהן קינצען, האבען געוואלט אין דער ערשטער ריין יודישער שטאדט אין א"י — תל אביב — איינפיהרען א פערפליכטענדע שבת-רוה, האבען דאמאלס אונזערע פשטל'דיגע משכילים געטענה'ט שבת? יא! אוודאי דארף מען אין א יודישער שטאדט מאכען דעם שבת פאר אן אפיציעלען רוה-טאג. שבת יא! אבער נישט קיין שבת דתי, קיין רעליגיעזען שבת. מיר ווילען מחדש זיין עפעס נייעס. שבת מהיכא תיתי, אבער נור א שבת לאומי, א נאציאנאלער שבת און נישט קיין רעליגיעזער, אזוי האבען געטענה'ט די משכילים און עס איז אנגעגאנגען א סדרה פון קאמף געגען שבת.

און איצט; „שבת איז א ג-טליכע שאפונג, וואס קען נישט אננעהמען קיין נייע צורה".

די זעלבע מענשען — דער זעלבער שבת — א פרוכט פונ'ם דריטהאלבען טויזענד יעהריגען רוף פון נביא „קעהרט אייך אים, איהר פערשארטע קינדער.

* * *

יא! נישט אומזיסט זענט איהר געשטארבען איהר קדושים פון חברון.

אומזיסט איז געוועזען די באלפור דעקלאראציע, אומזיסט דער סאן-רעמא בעשלוס. אונזערע משכילים האבען נישט געוואלט זעהען דערינען דעם אצבע אלקים נור דעם כחי ועצם ידי.

מיר! האבען זיי געשריעגען, מיר האבען געפיהרט א גוטע פאליטיק — האבען מיר עס דערגרייכט. און גענומען האבען זיי זיך בויען א ישוב אהן ג-ט און אהן זיין תורה. ווארים צו וואס דארף מען עס, אויב מען האט אלעס דערגרייכט מיט'ן אייגענעם כח.

איז געקומען די ענטוישונג!

עס איז צו שאנד געווארען דער חסד לאומים, די האפ-נונגען אונזערע אויף די פעלקער, דער בטחון אין אונזער פאליטיק און אונזער אייגענעם כח.

נאכדעם ווי מ'האט ביים בויען ארץ ישראל געזינדיגט מיט דעם פרינציפ פון „נהיי' ככל הגוים בית ישראל" זענען אויך געקו-מען די קאנסעקווענצען אין עס איז מקוים געווארען די ווארנונג פון נביא, אם לא ביד חזקה ובחימה שפוכה אמלוך עליכם נאום ד'.

עס איז געקומען דער טרויריגער אב תרפ"ט, עס איז געקומען דער חורבן חברון.

ביד חזקה איז צונישט געמאכט געווארען דער בטחון פון די פערשארטע קינדער אין די אייגענע קראפט און עס האט זיין פלאץ פערנומען דער אלטער רוף פון נביא „שובו בנים שובבים".

* * *

מיר נארען זיך נישט, מיר ווייסען אז לאנג איז דער וועג פון תשובה, אז ווייט זענען נאך די „39" פון די וועגען פון אמת'ער תשובה, פון אומקעהרען זיך מיט'ן גאנצען הארץ צום ג-ט פון אונזערע אבות.

אבער לאמיר עס אננעהמען פאר א התחלה, אפשר וועלען נאך קומען ווייטערע שריט.

נישט אומזיסט זענט איהר געשטארבען איהר קדושים פון חברון.

וואונדערליך זענען די וועגען פון דער השגחה.

# פון וואך צו וואך.

לויט ווי ס'הייסט וועלען בקרוב אויפגעלעזט ווערען אלע קהלות, וועניגסטענס פון קאנגרעס פוילען און עס וועלען בעשטימט ווערען נייע וואהלען.

אין די הויכע פענסטער זעהט מען א פנים גערן יודען זאלען זיין פערנומען מיט זיך, זאלען האבען צווישען זיך צו טוען וועלען זיי א ביסעל פערגעסען אין די פערשיעדענע גזירות.

* * *

אין ווארשא איז פארגעקומען א קאנפערענץ מיט רעגיערונגס פארשטעהער וועגען דער קאלענדער רעפארם. אלע אנוועזענדע זענען געוועזען פאר דעם נייעם קאלענדער. א חוץ די יודען האט נור בלויז דער פערטרעטער פון דער עוואנגעלישער קירכע ערקלערט אז פוילען מוז זיך רעכנען מיט די יודישע געגנער־שאפט געגען דער רעפארם. אויך דער רעגירונגס־פערטרעטער האט געצויגען מעהר פאר דער רעפארם.

דאס איז א פועל יוצא פון אונזער נאכלעסיגקייט. מיר יודען דארפען אבסאלוט מראכטען צו געווינען די רעגיערונג אין אט דער פראגע אויף אונזער זייט.

* * *

די דעפוטאטען טהאן און זאמערשטיין זענען די וואך אין סיים שארף ארויסגעטרעטען געגען דעם נייעם קהלות־רעגולאמין וואס פערוועהרט אפענע אנטי־רעליגיעזע עלעמענטען אנטייל צו נעהמען אין די קהלות וואהלען.

עס איזווירקליך נישט צו פערשטעהען, ווי קען מען פער־לאנגען אז אפענע אנטי־רעליגיעזע עלעמענטען זאלען האבען א דעה אין א רעליגיעזער קהלה.

* * *

יעדעס שלעכטע האט אויך א גוטע זייט. די נייע ענגלישע רעגיערונג'ס פאליטיק אין א"י נאך די פאגראמען האט געברענגט א שטיקעל שינוי לטובה אין דער בעציהונג לגבי ארטאדאקסישע איינוואנדערער, אין דער צייט וואס ביז לעצטענס האט מען נישט גערן געזעהען מיטעל־שטאנדס און בכלל רעליגיעזע עמיגראנטען — האט לעצטענס די ענגלישע רעגיערונג שוין איניגע מאהל עפענטליך ערקלערט, אז דער רעליגיעזער איינוואנדערער ענט־שפרעכט מעהר דעם כאראקטער פון א"י ווי די לינקע. הרב ר' פנחס כהן האט לעצטענס מיט ערפאלג אונטערהאנדעלט מיט דער ענגלישער רעגיערונג וועגען אימיגראציע פערלייכטערונג פאר'ן מיטעל־שטאנד ספעציעל פאר ישיבה בחורים וואס ווילען פאהרען קיין א"י לערנען!

דאס וואלט אוודאי געוועזען א גרויסער חיזוק פאר דער ארטאדאקסיע אין ארץ ישראל.

* * *

אין ארץ ישראל האבען די רעוויזיאניסטען געשאפען א רעליגיעזע פארטיי. זיי ווארפען פאר די מזרחיים למאי זיי זענען צופיעל איינגעשפאנט אין ווייצמאנ'ס רייט־וואגען און טוען לגמרי גאר נישט פאר החזקת הדת. דער מזרחי איז אומרוהיג, פיעל מזרחיסטען זענען אויך אריינגעטרעטען אין דער נייער פארטיי.

וואס היינט קומט אלץ נישט פאר! וולאדימיר זשאבאטינסקי שאפט א רעליגיעזע פארטיי. קאמיש, א שאד ער האט נישט צו געווארט עטליכע וואכען וואלט עס כאטש געוועזען א גוטער פורים־וויץ.

* * *

א נעגער אין אמעריקא האט ארויסגעגעבען א בוך אין וועלכען ער דערצעהלט, אז אין אפריקא זענען פארהאן נעגער־יודען וואס רופען זיך „בני אפרים". זיי פיהרען זיך ווי נעגער, נור א טייל יודישע מנהגים איז נאך ביי זיי פערבליעבען.

* * *

ביי די אנוסים אין שפאניען־פארטיגאל שטארקט זיך אלץ די בעוועגונג צוריק זיך אומצוקעהרען צום יודענטום. האלענדישע יודען האבען שוין אפילו פאר זיי געגרינדעט א ישיבה א. נ. „ראש פנה".

א אינטערעסאנטע צייט היינט. אזוי פיעל יודען רוקען זיך נעביך ווייט אוועק פון יודענטום און די גאר ווייטסטע זוכען זיך אומצוקעהרען צום מקור.

האלטען מיר שוין ווירקליך ביים אמת'ען בירור? טאקי משיח'ס צייטען.

פ.

# חוצפה.

נעוואלד, וואו נעמט מען א ביסעל חוצפה?

וואו נעמט מען אט דאס טייערע מיטעל דורך וועלכען עמי־הארצים ווערען למדנים, בדחנים ווערען דיכטער, פורים־שפיעלער ווערען קינסטלער און שווינדלער ווערען כלל פערזאנגער.

וואו נעמט עס וואו בעקוממ מען עס? איך ביז שוין אויס־געפאהרען א וועלט זיכענדיג דאס מיטעל און געפין נישט קיין ארט וואו מען זאל עס קריגען. יעדער וואס האט עס, האלט עס ביי זיך, טייערער פון די טייערסטע דימענטען אפולו אויסלערנען די חכמה וויל מען נישט?

איך בין א וועק צו פראפ. שטיינאך. צו אט דעם וואס מאכטע אלטע מענשען יונג דורך נייע דריזען, וואו מען רופט עס אדער דורך נייע מאנדלען אויף פשוט יודיש.

פראפעסאר — פרעג איך — איז עס אמת אז דורך נייע דריזען קען א אלטער מענש צוריק יונג ווערען?

יא! גאנץ בעשטימט.

האט איר אפשר אויך געפאקט וואו עס געפינען זיך די מאנדלען פון חוצפה?

ניין! איך זוך זיי שוין יאהרען און קען זיי בשום אופן נישט געפינען, איר פרעגט וועגען זיי ביי די שווינדלער וואס זענען גרויסע כלל פערזאנגער.

בין איך געוואהר געווארען אז א געוויסער פראפ. האט ענטדעקט דעם באציל פון פוילקייט, טראכט איך מיר — גוט, אזא פראפעסאר וועט אויך וויסען וועגען חוצפה. אפשר איז חוצפה אויך אזא באציל.

פראפ. זאג איך, אפשר ווייסט איר וואו עס געפינט זיך דער באציל חוצפה.

איך האב שוין וועגען אים געטראכט, איז די תשובה. אבער קינד לעב איך קען אים נישט פאקען. אז אלע מאל האט ער אן אנדער פנים.

# וואס הערט זיך אין קראקא?

## מ'שענקט א ספר תורה אין דער אלטער שוהל.

זונטאג פ' תרומה וועט די חברה „נר תמיד וגמ"ח" פון דער אלטער שוהל מאכען א פייערליכען סיום הספר און שענקען א ספר התורה אין דער אלטער שוהל — לכבוד דעם 25 יעהריגען יובילעאום פון דער חברה.

דאס ספר וועט מען פיהרען א זייגער 7 אווענד'ס פון דער וואהנונג פון ה' שטיינער, וואורזינצא 16!

## קראקאווער שטאדט־ראט וועט ווערן אויפגעלעזט

ווי ס'הייסט זאל אין קורצען דער קראקאווער שטאדט-ראט אויפגעלעזט ווערען. דאס גאנצע פרעזידיום פערבלייבט, גור עס וועט צו געוועהלט ווערען א ביי-ראט פון 60 פערזאן מיט א סאבאציע מעהרהייט. ווי מיר ווערען אינפארמירט פון א זיכערע קוועלע. וועלען צווישען די 60 זיין נישט מעהר ווי 7 יודען, נישט ווי א געוויסע צייטונג האט אינפארמירט אז 15!. די 7 יודען וועלען זיין — לויט ווי מיר פערנעהמען — די ה"ה: ד"ר איגנאצי לאנדא, ד"ר ראפאל לאנדא, א. ריטערמאן, בינצער, ט. עפשטיין, ד"ר מערץ און יאזעף פייפער.

ס'איז א גרויס וואונדער, פארוואס מ'טיילט יודען צו אזא מינימאלע פערטרעטונג, נאך מעהר חידוש וואס מ'האט עפעס בדעה די ארטאדאקסיע אין גאנצען אויסצושאלטען פונ'ם ביי-ראט, צו קומט דער ארטאדאקסיע גאר קיין דעה נישט אין דער שטאדט ווירטשאפט? ס'וואלט געוועזען אן אונדערהערטע עולה.

די ארטאדאקסישע פערזענליכקייטען אין שטאדט דארפען אבסאלוט זיך נישט לאזען איגנארירען.

## די געגעז קאלענדער־רעפארם אקציע אין קראקא.

די קראקאווער קהלה האט בעקומען א בריעף פון הרב ד"ר פנחס כהן פון וויען אין וועלכען קראקא ווערט געבעטען ווי אמשנעלסטען צו פערענדיגען די אונטערשריפטען-אקציע געגען קאלענדער רעפארם, ווייל שפעטעסטענס ענדע מערץ דארפען אלע פראטעסט חתימות פון דער גאנצער וועלט איבערגעגעבען ווערען דעם פעלקער בונד.

אויך אונזער נאטיץ פאריגע וואך וועגען דער פינאנסירונג פון דער גאנצער אקציע דורך די קהלה האט געהאט איהר ווירקונג. ווי פרעזעס ד"ר לאנדא האט ערקלערט אונזער רעדאקטאר וועט די קהלה זארגען פאר דער פינאנסירונג פון דער גאנצער אקציע, אזוי אז קיין געלד הינדערניסען וועלען מעהר נישט זיין.

## פון דער חברה „שומרי שבת".

די חברה „שומרי שבת" אין קראקא, האט ארויסגעגעבען א אויפרוף צו די יודישע בעפעלקערונג זיך מאסענהאפט איינצושרייבען אלס מיטגליעדער אין דער חברה.

## קהלה אין טארנא ווערט אויך אויפגעלעזט.

ווי מיר דערוויסען זיך, וועט אין די נעכסטע טעג אויך אויפגעלעזט ווערען דער ראט און פערוואלטונג פון דער טארנער קהלה און עס אריינגעזעצט ווערען א רעגיערונגס-קאמיסער מיט א ביי-ראט.

# לעזט און אבאניערט „דאס ליכט"

אט איז ער למשל א פרעדיגער רעדט וועגען מאראל אין עטיק, הייסט זיין גוט און פרום אין זיך דער הויבען צו הויכע מדרגות, געה איך דערנאך און גיב אכט אויס אז ער איז גאר דער היפך פון דאס וואס ער פרעדיגט און פון גראבע זאכען (עבירות) איז ער אויך נישט נזהר. אט איז ער א כלל פערזארגער, טרעט ארויס אויף פערזאמלונגען הייסט מענשען זיין אידעאליסטיש. כאטש ס'איז שווערע צייטען זאל מען געבען אויף פערשידענע כלל זאכען און רידערט איבער מיט זיינע דרשות ביז טרערען און אט ווער איך געוואר, אז ער לעבט פון פערשידענע פענסיעס לעבט א גוטען טאג און אויף כלל-צוועקען האט ער נאך קיינמאהל קיין גרעסערען גראשען נישט געגעבען.

אט מאכט ער זיך פזור א בעשיידען מענשעל. ער וויל גאר קיין כבוד נישט און אט הער איך ווי ער זאגט „א כפרה אלץ פאר מיין כבוד" און אויב ס'דוכט זיך איהם אז מ'רירט אן זיין כבוד איז א! הימעל עפען זיך, דאמאלסט קריכט ער ארויס פון די כלים, זידעלט און שימפט אויף די גרעסטע גדולים.

היינט געה און כאפ אזא מין באשעפעניש; ווער געוואהר די אמתע פיזיאנאמיע פון אזא באציל, אז ער בייט זיין פנים צעהן מאל א טאג, אז ער האט גאר קיין פיזאנאמיע נישט.

נישט געפינענדיג קיין ראט ביי די גוים האב איך אנגעקלאפט די טירען פון אונזערע יודישע גדולים. איך בין אוועק צום זקן הדור, צום חפץ חיים שליט"א.

רבי פרעג איך — וואס איז אזעלכעס חוצפה. און ווי נעמט מען עס? איר זענט דער גרעסטער בקי אין מדות, איר בעדארפט עס וויסען.

קינד לעב! צו וואס טויג עס דיר, צו וואס זאל עס דיר?

רבי! ענטפער איך, וואס הייסט, איך וויל ווערען א למדן. א געלערנטער, א כלל טוער.

רבי! א פאסעל וויל איך ווערען, א רב וויל איך ווערען איך וויל אז די גרעסטע גדולים זאל איך קענען סבזה זיין.

יא! געדעכט מיין קינד, ענטפערט גוטמיטיג דער אלטיטשקער „חוצפה אפילו כלפי שמיא מהני".

לאנג האב איך זיך אריינגעטראכט אין אט דעם ענין ארומגערייזט פיעל אין דער וועלט זוכענדיג די קוואלען פון חוצפה דורך וועלכע א מענש קען זיך פערגינען צו זיין א גראבער יונג נישט אויפטוען אין לעבען גאר נישט פאר דעם כלל און דאך גילטען אלס למדן, אויפטוער, כלל־פארזארגער און נאך דערצו אלס א בעל טובה און א בעל מדות.

## נייעס פון טארנא.

**שטארקע פראטעסט אקציע געגען דעם קאלענדער רע־פארם. — רעארגאניזאציע פון אלע רעל. אונסטיטוציעס. — אימפאזאנטע סיום הש"ם העולמי פייערונג. —**

מוצש"ק פ' בשלה, זענען זיך צוזאמענגעקומען אין קהלס זאל אגרויסע צאהל ארט. יודען אויך גבאים פון אלע בתי תפילות און אויסהערענדיג די רעדעס פון די עסקנים ר' אלי' נעווירץ ר' נחמן רענערט און ר' זלמן ליב וואלק, ס'איז געשאפען געווארען א קאמיטעט פון אלע שיכטן וועלכעס איז תיכף צו געטרעטן איני־טענסיוו צו ארגאניזירען די פראטעס אקציע אין אונזער שטאט. געגען דער גזירה פון קאלענדער רעפארם.

שוין א צייט ווי אין די רייהען פון אונזער ארטאראקסיע בכלל, און אגו"י בפרט, מערקט זיך ווידער א שטארקער דראנג צו ארגאניזאציע, זעהענדיג דעם גייסטיגען חרבן אין דער יודישער גאס, א דאנק די פרייע מושלים, א דאנק זייער עראבערן אלע עפענטליכע אינסטיטוצעס. ראס איגנאריען די רעל. אינסטיטוציעס, זיצענדיג ביי דער שיסעל און דאס פערפעסטיגן און אויסבויען יעדע נישט רעל. אינסטיטוציע, האט ענדליך געצווינגען צו עפנען די אויגען אונזער ארטאראקסיע, אזוי איז ענטשטאנען ארעאגאני־זאציע אין דער היגער אגו"י, ווי עס ווערט רעאגירט אויף יעדער פרייע אטאקע געגען רעל. יודענטום.

אויך צווישען די אונפארטייאישע רעל. יודען איז געשאפען געווארען א חרדים פעראיין, עס שטעהען אין ד'ער שפיצע ר' וואלף וועקסלער ר' פנחס טעמפלער א. א. אויך צווישען די בעלי בתים בילדעט זיך א שטארקע רעליגיעזע חברה א. נ. „כנסת ישראל",

אויך מיר האבען געפייערט דעם היסטארישן סיום הש"ס העולמי, טאנטאג ביי נאכט א זייגער 7 זענין זיך צונויף געקאמען א גרויסער עולם ת"ח, עסקנים און סתם רעל. יודען, אין דער זאבנער קלויז, און ביי געדעקטע טישען קודם מסים געוועזען מסכת נדה ר' ישראל גאלדבערג מנהל ת"ת האלט א געלונגענעם הדרן פילפולי, נאך אים האלט א זעהר אינהאלטס־רייכע רעדע מעניגא הרב ר' מאיר הארוויץ און צום שלום דער בעקאנטער אגודה עסקן ר' נחמן רענערט, דער עולם איז זיך משמח ביז שפעט אין דער נאכט. זי"ק.

---

## אנקעטע וועגען קראקאווער און פאדגורזער קהלה.

תשובה אויף אייער אנקעטע:

1) אוודאי איז געווינשען א פעראייניגונג. 2) די פארטיילען זענען א גוטע גרויס־שטעדטישע ווירטשאפט. 3) פאדגורז וועט פטור ווערען פון קליינשטעדטלדיגע מחלוקת'ען. 4) פאר יודישקייט איז איצט ביי דעם פאל אויך בעסער א פעראייניגונג פון פאדגורז מיט קראקא, ווייל פאדגורז איז מעהר ארטאדאקסיש וועט עס פערשטארקען די ארט. שטעלונג אין קראקאווער קהל.

פ. נ. פאדגורזע.

אנטווארט אויף אייערע 4 שאלות:

1) צו איז געווינשען, איינהייטליך צו מאכען די קראקאווער קהלה מיט פאדגורז? זייער וויכטיג. וואס גרעסער איז בעסער און שטארקער. 2) וועלכע פארטיילען די ביידע וועלען האבען? קראקא וועט האבען מנוחה מיט דער שחיטה און וועלען קענען פערלאנגען 40 גראשען פאר א פלאבמע כשר און פאדגורז וועט האבען מנוחה פון מחלוקת און נאך א פארטייל, א בית החיים מיט בלומען־פלאנסען און א טהרה־הויז מיט כלילת מגדלים נאים לפי ענין הבנאים. 3) א טובה צו יודישקייט? דארף אייגענטליך זיין בעסער א קליינע קהלה.

---



---

מיין ארבייט איז נישט געוועזען אומזיסט איך האב זיי ענט־דעקט, די קוועלען פון חוצפה און איך בין נישט ווי די אנדערע וואס באהאלטען דעם אוצר פאר זיך אליין איך בין א הולך רכיל מגלה סוד אבער גאר פאר די וואס בעדארפען עס, די וואס האבען דעם אוצר אליין קענען די קינץ פיעל בעסער פון מיר.

אט וואס מ'בעדארף טוען צו קומען צו חוצפה א) מ'בעדארף נישט לערנען, נישט האבען קיין שום טאלאנט, מ'ברויך נאר שרייען. תמיד שרייען, אפילו די קענסט רעדען שטיל, אפילו מ'דארף גאר נישט שרייען, תמיד שריי אז די וועסט שרייען וועסטו זיין א למדן א פערזארגער. אלעס (מענשען האבען מורא פאר שרייען).

ב) מ'טאר נישט האבען קיין שום געפיל אדער מיטגעפיל, דאס הרג'עט אינגאנצען אוועק, האב ליעב זיך אליין און שטענדיג לויב זיך אליין.

ג) שטענדיג שטופ זיך אויבען אן. וואו מען בעט דיך נישט, געה, איז דער וועג צום אויבען אן פארשטעלט בעניץ זיך מיט עלענבויגען'ס. מאך יעדען ארים דיר ענג, מ'זאל אנטלויפען פאר דיר, טהו עס איינציג וויל ביז דער וועג וועט זיין פריי פאר דיר.

ד) מאך אז מ'זאל תמיד פון דיר שמועסען, צו די ווייסט וואס די זאגסט צו נישט, רוף זיך תמיד אפ.

ה) לערן זיך אוים צו געבען יענעם א זאג אריין, אז עס זאל אים פערגען ביז אין די זיבעטע ריפ, דאס טהו צו אזעלכע וואס זיצען שוין הינטער דיר.

ו) לערן זיך אוים צו קריכען אויף אלע פיער דאס טהו לגבי אזעלכע וואס זענען נאך פאר דיר

איך בין אפילו שטארק מסופק אויב מ'קען זיך עס אויס־לערנען, מימוז עס האבען איינגעבוידען, חוצפה דאס איז א טאלאנט צום לעבען.

אויב מ'זאגט אייך אויף א מענש אז ער איז א ארענטליכער א פיינער מענש דארפט איר וויסען אז אים פעלט די דאזיגע מתנה, אז ער איז אין לעבען א... שלים־מזל.

וואויל צו דעם וואס פערמאג עס, וואס באזיצט די איינגע־שאפטען, וועה צו דעם וואס באזיצט עס נישט, ער וועט עס שוין קיינמאל נישט אויסלערנען.

ש—פ.

---

# קורצע ידיעות פון דער וואך.

— די ווארשאווער קהלה איז אויפגעלעזט געווארען. נייע וואהלען זענען בעשטימט אויף דעם 27 מאי.

— אין בולגארישען פארלאמענט האט דער ניי געוועהלטער יודישער דעפוטאט אבגעגעבען א שבועה לויט׳ן יודישען דין. עס איז אויך געוועזען אנוועזענד דער רב.

— אויף אונטערווענג פון דער אגודת הרבנים וועלען רבנים וואס אנטלויפען פון רוסישען גיהנם בעקומען צייטווייליגע אזיל־רעכט אין פוילען.

— קאלישער רב ערקלערט אז ער, אויך דער סטאניסלאווער רב אין אלע רעליגיעזע נישט ציוניסטען זענען ארויסגעטרעטען פון דער אגענץ.

— זונטאג וועט אין ווארשא פארקומען א אלפוילישער יודישער בעקער צוזאמענפאהר וועגען דער מעכאניזירונג פון די בעקעריען.

— די פאריזער „אליאנס" האט אסיגנירט הונדערט טויזענד פראנק פאר נויטליידענדע יודען אין פוילען.

— פאריזער ראטשולד האט געגעבען פאר דער יודישער אגענץ 30 ט. פונט שט.

— דער אמעריקאנער יודישער מיליאנער און פילאנטראפ רזש. בעק איז בעת א לוסט-רייזע קיין אייראפא אריינגעפאלען אין ים אריין, מ׳האט אים א טויטען ארויסגעצויגען פון ים.

— א סאלאניקער רב ר׳ ברוך בן יעקב פיהרט ביי די פארטוגאלער אנוסים א רעליגיעז־ערציהערישע אקציע.

— די רומענישע אנטיסעמיטישע צייטונגען האבען פערשטארקט יער העץ-קאמפאניע געגען יודען.

— דער יודישער בעמיקער אהרן לעווין האט בעקומען א מעדאל פון דער אמעריקאנער כעמיע־געזעלשאפט אלס אויסצייכנונג פאר זיינע וויסענשאפטליכע פערדיענסטען.

— אויך אין עסטלאנד ווערט געפיהרט א שטארקע אקציע צו פערביעטען די שחיטה, דער רעוולער רב הכולל זאמעלט חתימות פון וויכטיגע פערז. געגען שחיטה-פערבאט.

— עס איז אנגעקומען קיין א"י דער נייער פוילישער גענ. קאנסול דר. קורניקאווסקי. געבוירען אין סאנרז גאליציען.

— די ענגלישע רעג, וועט אבגעבען אויפסניי אן ערקלערונג וועגען איהר א"י פאליטיק. ס׳וועלען געמאכט ווערען קליינע שנוים אין דעטאיל-פראגען לגבי דער בעקאנטער וויס־בוך פאליטיק.

— אלס פאזיצער פון „טאז" אין ראוונא איז בעשטימט געווארען א משומד. וואס ס׳טרעפט זיך אלץ!

— עס איז אבגעשטעלט געווארען אויף א חדש די עמיגראציע קיין ארגענטינא.

— דעפ. מינצבערג פערלאנגט אין זיין לעצטער סיים־רעדע רעגירונג׳ס סובווענציעס פאר יח"ל און דעם ב"י סעמינאר אין קראקא.

— לארד פאספילד וויל בשום אופן נישט דערלאזען צו ענדערען מיט קליינגקייטען אפילו די וויס־בוך פאליטיק. ער דראהט דאפאר מיט דעמיסיע.

# וואד קאלענדער

מיט היסטארישע דאטען און יאהרצייטען.

**פרייטאג כ"ו שבט.**

יאהרצייט פון ט"ז הג׳ דוד ב"ר שמואל, געשטארבען אין לעמבערג תר"ז.

ר׳ יהונתן אייבעשיץ שווערט עפענטליך אין שוהל, אז ער געהערט נישט צו דער כת ש"צ ימ"ש.

יאהרצייט פון ראדזינער רבי׳ן ר׳ מרדכי יוסף ליינער זצ"ל.

**שבת כ"ז שבט.**

האט דער פ"מ געענדיגט די פתיחה כוללת אויף או"ח.

געשטארבען הג׳ ר׳ תנחום הכהן, ליעגט אין קראקא אין איין קבר מיט זיין פאטער בעל „שארית יוסף", די מוטער און א קינד.

**זונטאג כ"ח שבט.**

יו"ט מגלת תענית.

סולטאן פון מאראקא גיעט יודען גלייכבערעכטיגונג. תרכ"ד.

פויבסט מארטין 5-טער טרעט ארויס געגען בלוט-בלבול.

**מאנטאג כ"ט שבט.**

געשטארבען פאדהייצער רב בעל „לב ארי׳", אויף חולין.

קייזער יאזעף 2-טער גיעט די מעהרישט יודען גלייכבערעכטיגונג. תקפ"ב.

אלעקסאנדער 2-טער דערלויבט יודען זיך צו בעזעצען אין קיעב.

געשטארבען הצ׳ ר׳ יצחק ירוחם דיסקין ירושלים׳ער רב.

**דיענסטאג ל׳ שבט א׳ דר"ח אדר.**

דער תוי"ט איז אויפגענומען געווארען אלס רב אין קראקא. ער האט דעם טאג בעשטימט פאר א יו"ט פאר זיך און קינדס קינדער. ת״ד.

געשטארבען הח׳ ר׳ אהרן מארקוס קראקא בעמ"ח „קסת הסופר".

**מיטוואך א׳ אדר משנכנס אדר מרבין בשמחה.**

יאהרצייט פון ר׳ אברהם אבן עזרא תתקכ"ז.

יאהרצייט פון ש"ך הג׳ ר׳ שבתי, 41 יאהר אלט ה׳תר"ג.

ה׳ת״ר בלוט-בלבול אין דמשק, ר׳ משה מאנטעפיארעס אינטערוועניץ בעפרייט די יודען.

דערהרג׳עט געווארען הג׳ ר׳ עמנואל חי רקי בעל „משנת חסידים".

יאהרצייט פון ר׳ אורי׳לע הכהן, סאמבארער רבי.

געשטארבען הצ׳ ר׳ יצחק אייזיק ר׳ הירש זידיטשובער׳ס פאטער. ער האט געזאגט אויף זיינע פינף זוהן רביים במסלה נעלה, ר׳ בעריש, ר׳ משה, ר׳ סענדר, ר׳ ליפא, ר׳ הירש.

**דאנערשטאג ב׳ אדר.**

געשטארבען הג׳ ר׳ מאיר פאפירס, בעל „מאורי אור" תר"ב.

ר׳ ארון ליב פרעמישלאנער, רבי׳ן ר׳ מאירל׳ס פאטער. תקע"ג.



### איינגעזענדעט.

פאר די רובריק איז די רעדאקציע נישט פעראנטווארטליך.

# בריעף אין רעדאקציע.

איך בעט למען האמת אבצודרוקען פאלגענדעס.

בנוגע דער עקסמיסיע פונ׳ם שוחט אברהם רובינשטיין געשעפטס-לאקאל אויגוסטיאנסקא 5, צוליעב וועלכען איינינגע פערזאן האבען אויס פערזענליכע שנאה געגען מיר אויסגעניצט די געלעגענהייט און ארגאניזירט א העץ-קאמפאניע, ערקלער איך אז קיינער אויף מיין ארט וואלט אנדערש נישט געהאנדעלט, איך האב נאך אינ׳ם יאהר 1928 געקינדיגט מיין לאקאטאר רובינשטיין און דעם פראצעס געווינען. דערנאך איז מיט געוואלד אריין אין מיין געשעפט׳ס לאקאל ה׳ ג. שטראסבערג אן מיין וויסען, טראצדעם וואס ער האט גוט געוויסט, אז עס ערווארטעט איהם א עקסמיסיע. שטראסבערג איז קיינמאהל מיין לאקאטאר נישט געוועזען. זיין נאמען איז ערשט אויפגעטויכט ביים צו שטעלען די עקסמיסיע רובינשטיינען, איך גלויב אז קיין שום בעה"ב וואלט דאס נישט געדולדעט מ׳זאל מיט געוואלד פערכאפען זיין פערמעגען. דאס וואס ה׳ שטראסבערג איז נישט בעמיטעלט גיעט נאך נישט קיין היתר אויף זיך צו צו אייגנען פרעמד פערמעגען נישט בדינו און אויך נישט בדיניהם. פונדעסטוועגען האב איך משום ועשית הישר והטוב געוואלט איהם געבען א געוויסע סומע וועלכע וואלט איהם גענוגט אויף א לאקאל מיט א עודף.

דער זאקליטשיגער רב וועלענדיג שלום מאכען האט איינינגע מאהל געשיקט נאך שטראסבערגען, אנטראגענדיג איהם א לאקאל אויף די וואלניצא און נאך געלד דערצו, ער זאל מיט גוטען דאס לאקאל פערלאזען. שטראסבערג האט זיך אבער צום זעקליטשינער רב נישט געוואלט שטעלען. דערויף האט דער זאקליטשינער רב לטובת שטראסבערג דעם אנטראג געשטעלט זיין יועץ, וועלכער איז יעצט דער גאנצער רעדעל פיהרער פון דער העץ-קאמפאניע, כדי ס׳זאל זיין שלום. ער האט אבער ווי מ׳זעהט קיין שלום נישט געוואלט, וועלענדיג דעם וועג פון מלחמה צוליעב אייגענע נקמה-צוועקען.

דאס אביגע קענען בעשטעטיגען דער זאקליטשינער רב און ר׳ ליבוש טענענבוים וועלכע זענען מיינער זייטס בעפאלמעכטיגט געווארען דורכצופיהרען די פערגיטיגונג נאך פאר די עקסמיסיע.

מיט בעסטען דאנק **אברהם בערטראם.**

נאכדרוק פארבאטען.

# אסתר המלכה

היסטאָרישע ערצעהלונג. געשריעבען ספעציעל פאר „דאס ליכט״. פון עתניאל

פיפטע פארטזעצונג

יאָ! יאָ! ווערט דער כיטרער גלח גאר נישט כטל, איך וועל איך שוין ווייזען אַז דאָס איז גאָר נישט אזוי אוממעגליך, קעניג קאזימיר חאט גערופען אלע יודען פון דער וועלט זיך קומען בעזעצען אין פויל:ן, זיי ברענגען מיט זיך מיט גרויסע פערמעגענ׳סער איר ווייסט דאך די יודען פערשטעהען גיט ווי אזוי אונז אריטע קריסטען צו בערויבען און צו מאכען פערמעגענ׳ס אויף אינז חשבון.

אָט נעממ למשל דעם פריץ באטלאנסקי, ער האט מעהר חובות וויעפיעל ס׳איז ווערט זיין גאנץ גוט וואס ליעגט עטליכע הונדערט וויאָרסט פון דאנען, חוץ דעם פערברויכט ער נאך כסדר גרויסע סומען. ער מוז דאך לעבען ווי ס׳פאסט פאר א מענש פון אַדעל.

די יודען וועלען אים בארגען געלר ער וועט נישט האבען צו בעצאהלען וועט מען ביי אים צוגעמען דאס גוט זיינס, ער וועט בלייבען אָהן פורנסה, וועט ער נישט האבען קיין אנדערע עצה גאר אנצונעמען א שטעלע ביים יוד אויף זיין אייגען גוט.

נישט בעסער וועט עס אויך זיין מיט אנדערע פריצים. ווי ל יעדער אדליגער מוז לעבען ווי עם פאסט פאר א מענש פון אדעל און קען נישט אויסקומען מיט די קליינע הכנסות פון די גיטער וואס ווערען בעארבייט דורך די פוילע קנעכט. יאָ ס׳וועט זיך נאך טרעפען א יוד וואס וועט פערכאפען דעם טראָן פון דער פוילישער מלוכה ווי יוסף חאט עס געטוען אין מצרים און אונז אלע מאכען פאר זיינע עבדים. איר וועט זעהען, קעניג קאזימיר וועט ברענגען דערצו אז מיוועט אונז נאך אלע צווינגען צו ווערען יודען, איר ווייסט נישט וואס די זשידלאקעס קענען

א גרויס געלעכטער איז אוים געבראכען אין זאאל, יעדער האט זיך אויף זיין שטיגער געוויצעלט איבער דעם גלח׳ס דרשה,

דער גלח פראנציסקוס וועט זיך מלה זיין.

יאָ! אלע וועלען מיר זיך מלה זיין, איז געווארען א געשריי. צוערשט וועלען זיך אלע גלחים מוזען מלה זיין און זיך לאזען וואקסען בערד. זיי וועלען דאך ווערען אונזערע רבנים אזעלכע און עהנליכע אויסרופען חאבען זיך געלאזט הערען פון פערשיעדענע זייטען פון דעם האלב שיכירען עולם.

לאכט נישט אזוי — רופט זיך אָפּ דער בעה״ב — מיין שאמפאניער וויין אוים שמעקט אייך. אבער דער גלח איז נישט קיין נאר. ער איז נישט אזוי אומגערעכט כ׳לעבען מיר טארען עס נישט דערלאזען. אויב נישט, וועלען מיר נאך געהען בעטלען ביי די יודען.

איך זעה די צייט קומען ווען די יודען וועלען אונז פערטרייבען פון אונזעריג גיטער און מיר דער אדעל פון פוילען וועלען נאך געהען בעטלען ביי יודען.

די געסט זענען אלע מיט אמאל צוריק ערנסט געווארען און האבען געגעבען רעכט זייער גאַסט געבער.

זעהר גוט טהוט איר — רופט זיך אָפּ איינער פון די-יונגערע — וואס איר לאזט אַלע יודען אויפהענגען, וועלכע בעווייזען זיך אין אייער געביעט, אויך איך האב ארויסגעגעבען א שטרענגע בעפעל נישט אריינצולאזען קיין יודען אויפן שטח פון מיינע גיטער.

יאָ! דער גאנצער אַדעל מוז נאכטוען רופט זיך אָפּ אַ צווייטער. דעם ביישפיעל פונ׳ם עדלען פאַן יאַן וואָלאָסט־נסקי.

אויב אלע אדליגע וועלען פארטרייבען די יודען פון זייערע גיטער וועט קעניג קאזימיר מעגען איינלאדנען די יודען צו זיך אין פאלאץ אריין דער פוילישער באדען געהער אונז, דעם אדעל און אויף אונזער באָדען וועלען מיר זיי נישט דולדען.

איר זיינט אָבער אלע נישט קאנסעקווענט — שטעלט זיך אויף איינער פון די אָנגעזעהענסט אדליגע -- איר זאלט מיר ענטשולדיגען חשובער בעל־אכסניא אונזערע, אפילו איר, וואס איר האט ארויס געגעבען א בעפעהל זאפארט צו הענגען יעדען יוד וואס בעטרעט אייער באדען, האלט איך א יוד ביי זיך אלס אבערסטער קיכער.

אַ יאנקעלע׳ן מיינט איר! אט דער פריץ יאן זיך צולאכט. יאנקעלען מיינט איר!

וואס איז עס פאר א נפקא מינה וואו ער הייסט אבער ער קען דאך נאך אמאל אונז אלע פערגיפטען.

דער אלעמאל שטרענגער און ערנסטער בעה״ב האט אבער איצט, ביים דערמאנען דעם נאמען פון זיין בעליעבטען און לוסטיגען קיכער, זיך נישט געקענט בעהערשען.

יאנקעלע! יאנקעלע! יאָ דער יאנקעלע, האט ער זיך געהאלטען ביי די זייטען פאר לאכען דאס איז גאנץ עפעס אנדערש— זאל ער קומען וועט ער אונז אלע משמח זיין.

יאָ לאז ער קומען שרייען אלע — זאל ער ווייזען וואס ער קען.

באלד קומט אריין א דינער און מעלדעט אז ער האט געזוכט יאנקלען אין גאנצען פאלאץ און אים נישט געפונען.

מיט כעס רופט אוים דער בעה״ב וואס? איך רוף אים און ער איז נישט דא? זאפארט זאלט איר אים אהער ברענגען.

אלע משרתים האבען זיך גענומען מיט אלע כחות דורכזוכען דעם גאנצען פאלאץ מיט אלע נעבען געביידעס.

און איינער א חורבה וואס איז געשטאנען אין א זייט פון גאַרטען וועלכע מ׳האט לאנג שוין צו נאר נישט בענוצט האבען עטליכע קנעכט געפונען דעם קיכער זיך פארען ארום א שוואכען אלטען יוד און א יודישער מאַכטער.

דער פויער וואס האט געטראפען אסתרען אין פעלד ראַטעווען איר פערחלשט׳ען פאטער האט זיי ביידען אריינגעפירט אין אָט דער חירבה דורך א הינטער וועג. קיינער זאל זיי נישט בעמערקען. און מודיע געווען דערוועגען דעם יודישען קיכער, וועלכער פלעג איהם אָפט געבען פערשיעדענע שיריים׳ס פון די טייערע מאכלים פאר וואס דער ארימער פויער איז אים געוועזען זעהר דאנקבאר.

דער יודישער קיכער האט מיט פערשיעדענע מיטעל וואס ער האט געגוג געהאט אונטער דער האנד— דעם פערחלשטען באלד דערמינטערט און אים אויף א ביסעל שטרוי געלייגט אבריהען.

(פארטזעצונג פאלגט)

**דוד גליצענשטיין** בן הנ' ר' יעקב

**רודא חוה ראזענצווייג** בת הנ' ר' בצלאל חיים

נשואים

בחודש שבט תרצ"א.

---

בגיל ושמחה הרינו מברכים את ש"ב הבחור המופלג כמר **דוד גליצענשטיין** נ"י בברכת מז"ט חמה לנשואיו.

שלום ואהרן קלוגער.

---

גדא טבא לך ידידי **דוד** לנשואיך. תבנה ביתך מתוך עושר ואושר.

ידידך

זאב יהודא הלוי.

---

ברכת מז"ט חמה ואחולים לבביים לידידי הצעיר מר **דוד גליצנשטיין** לנשואיו. מז"ט גם להוריו!

בנימין זיסמאן.

---

ברכת מז"ט חמה ונלבבית הרינו מגישים לידידנו היקר הב' המושלם כמר **דוד גליצענשטיין** לרגלי נשואיו. תהא דרכו סוגה בשושנים ויזכה לבנית ביתו על הרי יהודה ברוח האגודה.

כברכת ידידיו

ישראל ראטשטיין, ליפא קאפל, שלום וואלף.

---

סל מלא ברכות ובתוכו ברכת גדא טבא לידידי הבחור **דוד גליצענשטיין** נ"י לרגלי נשואיו. יהא רעוא שתורה וגדולה יתאחדו על שלחנו.

ידידו

משה צבי באליצער.

---

גדא טבא לך ידידנו המופלג כמר **דוד** לנשואך.

אהרן ואשר האלעווע.

---

בברכת מז"ט הנני מברך את ידידי ר' **ישראל פיש** לארושי בנו הבחור המופלג בתו"י מר שמואל.

ידידו

אברהם יצחק וואלף.

---

ברכת מז"ט הנני מגיש לידידי הב' **שמואל פיש.**

ידידו פנחס וואלף.

---

מז"ט לך ידידי **שלמה בערגאפען.** יתן ד' שכל ברכות רעיך יניחו על ראשך בקרוב.

שלמה דאנציג, אפרים קעניגסבערג.

---

ברכת גדא טבא לכבוד חברינו הב' **שלמה בערגאפען.**

אליעזר קאנער, ליב בעלער.

---



---

פאר'ן אינהאלט פון די אנאנסען איבערהויפט בנוגע כשרות איז די אדמ. נישט פעראנטווארטליך.

| | | |
|---|---|---|
| אבאנאמענט'ס פרייז: א חדש 80 גר, א קווארטאל 2·40, א יאהר 9 זל. אויסלאנד א יאהר אנדערטהאלב דאלאר. | מאנוסקריפטען ווערען נישט צוריקגעשיקט. ביי אנפראגע אויף תשובה דורך דער פאסט דארף ביגעלעגט ווערען מארקען אויף תשובה | אנאנסען פרייז: פאר א מילימעטער שורה אויף דער לעטצטער זייט 30 אין טעקסט און אויף דער ערשטער זייט 50 גר. דער עמוד געטיילט אין 4 שפאלטען גראטולאציעס א פעטיט-שורה 50 גר. די קלענסטע 2 זל. |

Wydawca: Za wydawnictwo „Jawne" i red. odp. W L. Urbach. — Drukarnia M. Lenkowicza, Kraków, Meiselsa 4.